



# א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

— ערשיינט יעדע וואך —

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

Krakau, 17 September 1902. — Nr. 12 — קראקוי, ט״ו אלול, תרס״ב.




## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

ענדע סעפטעמבער מיט דעם נומער 13 ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פאר די וואס האבען איינגעצאהלט אויף א פירטעל יאהר.

מיר בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנעמענט־פרייז פאר דעם צווייטען פירטעל יאהר, כדי די ווייטערדיגע נומערען זאלען קענען געשיקט ווערען פונקטליך אין דער צייט.

פאר די „יודישע פרויען־וועלט“ אליין 75 קאפ.
„ „יודישע פאלקס־צייטונג“ — 1 רובל.
פארביידע צוזאמען 1.25 „

די אדמיניסטראציע.

## תחנות.

אלץ האבען זיי, די מאנסלייט, די גאנצע תורה און מעשים־טובים און אלע מצות. אז גאט האט ליעב יודען, מיינט ער ראשית זיי, די מאנסבילען; וואס זענען מיר ווייבער סך־הכל שוואכע נפשות, יודענעס אהן דעות, נאר מיט דעם ביסעל עסקים אין דער קעך. דער גאנצער תכלית איז אבצוהיטען די שטוב, כדי ער זאל האבען מנוחה, כדי ער זאל האבען א ווייס העמד אויף שבת, חלה מיט פיטשא און

אלץ וואס געהערט צו יודישקייט. אז מיר זענען נאר דא פון זייערט־וועגען, אזוי איז די וועלט בעשאפען.

פאר די חתונה איז מען א מיידיל, וואס ווייס גאר ניט. דער גאנצער יום טוב איז זיך אמאל אויסצוצוואגען און אנטהון א ריין קלייד. קומט א שדכן צי א אורח, שיקט מען ארויס פון שטוב. די מאמע זאגט: פעריל, א יודישע טאכטער טאר ניט פיעל „עדען. דער טאטע בייזערט זיך, אז מע רעדט נאר אויס אווארט. וואס זיצסט דו לעדיג? פערריכט א זאק, לאטע א העמד. גאלע נארישקייטען זאגען די ברידער. זיי האבען טאקי אלץ, זיי איז וואויל. ס'טייטש, מיר האבען דען ניט קיין נשמות? ניין, ווייבערשער שכל איז אזוי ווי קינדערשער שכל. ביי'ן שדוך אליין פרעגט מען גאר ניט. וואס איז שייך, דער אדער יענער, אבי ער וויל נאר. איז מען שוין א ווייבעל, איז מען גאר איין חודש א פריצה, דערנאך איז מען גלאט גאר ניט. ער פאהרט זיך ארום, סוחר'ט, דיר טריקענט גענוג דער קאפ אויס. קינדלען, רבי'ס, רפואות און צרות, ווי דער שטיינער איז. וואס האט מען פון דעם גאנצען לעבען? וואס איהר, אז מע מאכט א ברכה: שלא עשני אשה, איז עס טאקי רעכט. מילא א מענש, א בשר ודם האט א יצר הרע און א יצר טוב און דער תכלית זיינער איז גוט צו זיין און גאט צו לויבען, ווי אין די היילינגע ספרים שטעהט געשריבען; א בהמה איז א פראסטע זאך און האט קיין שום עונש ניט, אבער א נקבה איז ניט פיש ניט פלייש, וואס א יודענע קען שוין מאכען, מישטיינס געזאגט.

דערפאר אבער די קינדער, זיי אויסצוהאדעווען און זיי מאכען צו לייט, וואס ווייס ער, דער פאטער, דערפון? מיר מאמעס ווייסען גוט, וואס דאס איז. מיר ווייסען דעם טעם פון קינדער האבען און אויף זיי פון קליינערהייט השגחה צו געבען, ביז מען ברענגט זיי צו עפים. אלע טאג איבערבייסען, אנבייסען, ווארימעס און וועטשערע, א קאפאטקעלע, א קליידעלע, א לייבעל, א העמד, א שוך, דאס אפשר זעכצעהן יאהר כסדר. און דערנאך, אז מען האט זיך ארויסגענומען דעם מארך זיי חתונה צו מאכען, נעהמט מען זיי אהין און איין עק...

פון אנהויב: טאטיניו, מאמיניו, דאס וויל איך נאך, יענץ קומט מיר נאך; שפעטער קומט א בריוועל איינמאל אין חודש, איינמאל אין צוויי חדשים, אלע האלב יאהר, דערנאך גאר גישט. קיינמאל איז מען פאר זיי ניט יוצא! און קומט מען צו זיי אן, זאל גאט שומר ומציל זיין, מילא ער, א מאנסביל אין קלויז צי אין מארק פערגעסט פון אלץ; אבער מיר, וואס בלייבט אונז אויף די אלטע יאהרען? דאס ביסעל נחת פון עניקעל. — ביי דער באבען אין פארטוך טראג עס ארום; וואקסט עס אויף, איז עס גאר א פרעמדע זאך. עס איז שוין א גליק, אז ס'קען חאטש רעדען יודיש...

זיי, די מאנסבילען, האבען על כל פנים חקירות און ווייסען פון אלצדינג צו רעדען, פון השגחת הבורא, פון דעם שכר פון מצות און אלע גרויסע לייט. היינט רעדען זיי גאר פון — ווי רופען זיי דאס — צייטונגען. וואס ווייסען מיר פון דעם אלץ? דו קענסט אונז צעהן מאל אין טאג פערקויפען. אז ביים איבערבויען די שטוב, איז די יודענע א טפל, וואס הייסט ביי איהר פרעגען א דעה, זיך מיט איהר מיעץ זיין? אז מיר אליין ווילען עס אויך ניט תמיד, אז דער קאפ איז אונז דערהרג'עט.

אז עס קומט פאר נאכט און מען זיצט אויפ'ן שוועל, דעמאלט אז מע איז מהרהר, איז מען זיך אליין מודה אז מען איז גאר גישט. און איז מען אלם מיידיל שען געוועזן, האט מען יעצט קיין ציין אין מויל. ער, דער אלטער, טהוט נאך א שטארקען טרונק בראנפען, און אז מען דעקט איהם דעם טיש צום עסען, זיצט ער אויבען אן און איז א שענער בעל־הבית; מיר אבער, וואס זענען מיר? ווען עס וואלט ניט געשטאנען געשריבען אין די ספרים פון די אמהות און נשים צדקניות, וואלטען מיר זיך לעבעדיגערהייט געקענט אריינלעגען אין דער ערד. טאקי אויף דער אמת'ן, צו וואס טויגען מיר און צו וואס האט אונז גאט בעשאפען, ער האט זיך זיינע מלאכים און זיינע פרומע יודען; האט איהר געזעהן א יודענע א מלאך? —

* * *

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

### אדראמאן אין צוויי טהייל

פון

### שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

X

### פון רב שלומ'ס חלום לאזט זיך אויס א בוידעם.

אויף מארגען האט זיך רב שלום שדכן געפעדערט, אפדאווענען מיט'ן ערשטען מנין, זיך נישט געקאנט איינהאלטען און איינגערוימט א סוד שמואל שמעלקע דעם שמש, אז דאכט זיך, מיט'ן אויבער־שטענס הילף, ער האט היינט אויסגעפידערט איין עסק זעהר א פיינעם, זעהר א געהויבענעם. נאר וואס און ווען טאר מען נאך נישט וויסען. שמואל שמעלקע האט איהם צוגעווינשעוועט, סע זאל זיין אין א גוטער שעה א מזל'דיגע, אין הארצען שטארק מקנא געוועזן רב שלומ'ן אויף זיין פרנסה.

— וויפיל רעכענט איהר דא אם ירצה השם חאפען? פרעגט איהם שמואל שמעלקע און קראצט זיך אין בוזעם. רב שלום ווייסט דענן וויפיל? ער ווייסט נאך אליין נישט אקוראט. ער האט גאר מורא צופיעל צו טראכטען וועגען דעם. ער טהוט א מאך מיט דער האנד, א קוק ארויף און א שמייכעל דערביי ווי איינער רעדט: „איך וועל שוין דא חאפען אזוי פיעל, אז עס וועט זיין גענוג אי מיר, אי מיינע קינדער, אי קינדס קינדער!"...

געקומען א היים האט רב שלום אויף איין פוס איבערגעביסען א ציבעלע מיט ברויט, גענומען דעם שטעקען און מארש צו יהושע יענקלען אין קלייט אריין. דארט האט ער געטראפען לאה איינע אליין, שטארק אנגעדרודעלט און רויט ווי פייער. „עט! — טראכט זיך רב שלום שדכן — זי איז תמיד אין גרימצארען"... מיינע זאל לעבען איז אויך תמיד ברוגז אויף דער וועלט... א פנים אלע ווייבער האבען ליעב בלאזען זיך...

— א גוטער מארגען אייך, לאה'ניו! מאכט ער צו איהר ברייט־ליך און גאנץ האפערדיג ווי א מחותן. וואו איז ערגיץ וואו, אייער, מיין איך רב יהושע יענקעל אזוי שפעט?

את אזוי רעדען די ווייבער פון דור הישן. פרעגט ניט דעם דאקטאר, פרעגט דעם חולה.

מ. ב.

# די פרויען-וועלט.

## I.

## אלגעמיינע נייעס.

(האנדעל-שולען פאר יונגע מיידלעך). דער „קויפמאן-הילפס-פעראיין פאר פרויען", וועלכער האט א לאנגע צייט פערהאנדעלט מיט דעם מענישען „קויפמאן-הילפס-פעראיין", האט סוף כל סוף געפועלט, אז די השגחה אויף די שולען וואו מיידלעך לערנען, זאל געהערען צו די פרויען-פעראיינען, און אויסער דעם וועלען אלע שולען פאר מיידלעך, אין וועלכע עס לערנען זיך איין ערך פון 800 ביז 1000 שילערינען, געפיהרט ווערען פון די פרויען-פעראיינען. דער פעראיין פאר פרויען-בילדונג האט אין יאהר 1901 אויסגעגעבען מעהר אלס 90 טויזענד מארק, בשעת די הכנסה פון די שילערינען האט נאר בעטראפען 50 טויזענד מארק.

(א פרוי אלס פרעזידענטין). אויף די ארכעאלאגישע פערזאמלונג, וועלכע איז פאריגע וואך געוועזען אין חארקאוו (רוסלאנד) איז פרוי גרעפין אובאראוו אויסגעקליבען געווארען צו זיין פרעזידענטין.

(א פרוי אלס מיטגליעד אין א חברה פאר בילדונג). נישט לאנג איז אין נאוואזיבקאוו (צערניגאווער גוב') געגרינדעט געווארען די אלגעמיינע בילדונגס-קורסען פאר לעהרער און לעהרערינען פון די פאלקס-שולען. אויף די דאזיגע קורסען האט אויך מיטגעווירקט די בעוואוסטע פירסטין דאלגארוקאוו.

(א גזרה געגען קארסעטען). דער רומענישער מיניסטער פאר פאלקס-בילדונג האט ארויסגעגעבען א צירקולאר, אין וועלכען עס ווערט גע'אסר'ט צו טראגען קארסעטען אלע מיידלעך, וואס ווערען אויפגעהאדעוועט אין די רעגירונגס-אנשטאלטען. די קארסעטען זענען פערבאטען צו טראגען נישט נאר שילערינען נאר אויך די לעהרערינען. די רומענישע פרויען אבער זענען מיט דעם געזעטץ, וואס איז געמאכט געווארען כדי צו פערבעסערן די געזונדהייט נישט צופריעדען, זיי בעטראכטען דאס געזעטץ אלס א זאך וואס נעמט ביי די פרויען צו זייערע פרייהייט.

(א פרוי ד"ר פילאזאפיע). — נישט לאנג האט איין אמעריקאנישע פרוי שערצער אויס פראנקלין אבגעלעגט אין בערלין עקזאמען אויף ד"ר פילאזאפיע און האט דאס עקזאמען דורך געהאלטען זעהר גוט. אין איהר דיפלאם שטעהט געשריבען, אז זי האט זיך דריי יאהר אין בערלין בעשעפטיגט מיט דעם שטודיום פון דער ענגלישער פהילאלאגיע און האט אנגעשריבען א בוך, וועלכעס הייסט „דער אינזעל דער פרויען".

## II.

## יודישע נייעס.

(שרה בערנאר אין בערלין). די וועלט בעריהמטע יודישע אקטריסע, שרה בערנאר אויס פאריז, איז איינגעלאדען יעטצט פון דעם דירעקטאר פון דעם דייטשען קייזערליכען טהעאטער אין בערלין, מן הסתם וועט זי דיזעס יאהר שפיעלען אין דעם בערלינער טהעאטער.

(יודישע פרויען צו דער קריינונג אין ענגלאנד). בשעת דער קאראנאציע פון דעם ענגלישען קעניג עדוארד דעם זיעבענטען, זענען געוועזען די דאזיגע פרויען: פרברייט, באראנין לאמבערט און בישאפסהיים.

(ד"ר גאסטער ביי דער רומענישער קעניגין). די רומענישע קעניגין, וועלכע ליעבט זעהר ליטעראטור און שרייבט אליין אויך ראמאנען און ערצעהלונגען אונטער דעם נאמען: „קארמען סילווא", האט נישט לאנג אויפגענומען דעם ראבינער ד"ר גאסטער פון לאנדאן, און האט מיט איהם זעהר פריינדליך געשפראכען וועגען פערשיעדענע ענינים.

(פרויען-דאקטוירים). היינטיגעס יאהר זענען אין פאריז פינף פרויען געווארען דאקטוירים, צוויי דערפון זענען יודישע.

(א יודישע מעדכען-גימנאזיום אין לעמבערג). אין יאהר 1899 האט פרייליין יאזעפינע גאלדבלאט אין לעמבערג געעפענט א גימנאזיום פאר מיידלעך. פרייליין גאלדבערג האט איהר שטודיום געענדיגט אויפ'ן בעסטען אופן און האט גערעכענט, אז איהר וועט זעהר לייכט זיין צו בעקומען א שטעלע אלס לעהרערין, זי האט זיך אבער

---

— איך ווייס ניט! — ענטפערט איהם לאה אפגעהאקט.

— וואו קאן ער זיין וואו? מאכט רב שלום און דרעהט זיך א פאר.

— געהט זוכט איהם! — האקט איהם ווידער אב לאה און רב שלום שדכן ווייסט ניט פון וואנען ער זאל אנהויבען מיט איהר צו רעדען. ער הוסט זיך אויס און הויבט אן פערגעהן מיט זייטיגע רעד דיפלאמאטיש קלוג „פון פצון-זייט":

— א קעגען דעם וואס איהר זאגט פרנסה... דאס פרנסה, יענץ פרנסה... א קלייט א פרנסה, א שדכן אויך א פרנסה... אט א קאמיסניר א פרנסה! אזא פרנסה איז טאקי א פרנסה, ווארום דאס איז אזא פרנסה, וואס מע האט מזאקי פרנסה...

— וואס האט איהר זיך צעפרנסה'ט פלוצים אין מיטען דריי-נען? — האט איהם לאה איבערגעריסען אין מיטען — זאגט וואס דארפט איהר?

רב שלום שדכן איז געבליבען שטעהן ווי איין אפגעגאסענער מיט קאלט וואסער.

— וואס הייסט, וואס איך האב בעדארפט איך? עפים האט מען דאך נעכטען אפגעשמיסט האט מען דאך.

— מכח פייוולען מיינט איהר? אויב מכח דעם איז נישטא וואס צו רעדען!...

ווי מיט א פיסטויל אין הארצען האט איהם לאה דערלאנגט מיט די דאזיגע ווערטער. עס איז איהם פינסטער געווארען אין די אויגען און עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז לאה און די פאלי-צעס מיט דער סחורה און די גאנצע קלייט דרעהען זיך און ער אליין דרעהט זיך אויך מיט זיי.

— וואס קוקט איהר מיך אן? זאגט צו איהם לאה — איהר האט מיך ניט דערקענט? איך זאג דאך אייך, אז ס'איז נישטא וואס צו רעדען!

רב שלום קאן איהר נישט ענטפערען; ס'איז איהם טרוקען אין מויל, קוים וואס ער האלט זיך אויף די פיס. נאר מיט א מאל פיהלט ער, אז ער געהט ארויס פון די כלים, נעמט זיך אן מיט הארץ און שיסט אויס מיט כעס:

— וואס הייסט נישטא וואס צו רעדען וואס הייסט? גלאט עפיס באדארף דאך זיין איטליכע זאך מיט א גאנג בעדארף דאך זיין, מיט א טעם, מיט... מיט... מיט... גלאט א קונץ זאגען א קונץ? אזא יונגערמאן א וועלכער, מיט א גאלדען געשעפט א גאלדענעם, מיט געלד א סך, מיט... מיט... וואס קאן שוין זיין גלייכער וואס? שוין אי-

בַּאלְד אַרוּמְגֶעזֶעהֶן, אַז זִי הָאט זִיךְ טוֹעֶה גֶעוֶועזֶען, אוּנ אַ יוּדֶען אִיז אוּמֶעטוּם שְׁוֶוער זִיךְ צוּ עֶפִּיס צוּשְׁלָאגֶען; דֶערִיבֶּער הָאט זִי אַלֵיין גֶעעֶפֶענְט אִין יָאהר 1899 אַיין גִימְנַאזְיוּם פַאר מֵיידְלֶעךְ. אִין יֶעדֶער קְלַאס װֶערֶען אָנְגֶענוּמֶען צְוֵויי מֵיידְלֶעךְ אוּמְזִיסְט, הַיינְטִיגֶעם יָאהר הָאט פְרֵיילֶען גָאלְדְבְּלַאט אִיהר גִימְנַאזְיוּם פֶערְגְרֶעסֶערְט אוּנ פֶערְבֶּעסֶערְט.

---

# לִיעֶבֶּע

(עֶרְצֶעהלוּנְג)

פוּן

## דָוִד פִּינְסְקִי.

(פָארְטְזֶעטְצוּנְג).

אַ גְרוֹיל, וִוי אִיךְ לִיעבּ אִירם! — אִיךְ גֶעה אוֹיס נָאךְ אִיהם, עֶס גֶעהט מִיר אוֹיס דִי נְשָׁמָה פָּשׁוּט נָאךְ אִיהם... וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ אַ סַךְ רֶעדֶען — אִיךְ שְׁטַארְבּ נָאךְ אִיהם אַוֶועק! פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהם דֶערְזֶעהֶען, הָאבּ אִיךְ גְלַייךְ דֶערְפִיהלְט, אַז אִיךְ וֶועל אָהן אִיהם נִישְׁט קֶענֶען לֶעבֶּען. „אָי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!" הָאבּ אִיךְ מִיר גְלַייךְ גֶעזָאגְט, „הַלְוַאי זָאל דֶער זַיין מַיין בֶּעשֶׁערְטֶער!" אַז אוּנְזֶער שַׁדְכָן אִיז גֶעקוּמֶען מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה, אַז אִיךְ בִּין אִיהם גֶעפֶעלֶען, הָאבּ אִיךְ קוֹים גֶעקֶענְט אַיינְזִיצֶען נֶעבֶּען טִישׁ, וואו אַלֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען. אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַריינְגֶעגַנְבֶ'עט אִין שְׁלָאף-צִימֶער, אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען מִיךְ אִין בֶּעט, אַרוּמְגֶעחַאפְּט דִי קִישֶׁען אוּנ גֶעדְרִיקְט, גֶעדְרִיקְט צוּם הַארְצֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אִיךְ וֶועל דֶערְשְׁטִיקְט. עֶס הָאט זִיךְ מִיר גֶעוָואלְט וַויים אִיךְ, וָואס מִיר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט? — עֶס הָאט זִיךְ מִיר גֶעוָואלְט טַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, יָאגֶען זִיךְ, זִינְגֶען, שְׁרַייעֶן, פֶערְנַאנְדֶערְטְרָאגֶען דִי וֶוענְד, אוֹיפְהוֹיבֶּען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע מַשָׂא, אִיבֶּערְקֶערֶען דִי וֶועלְט. אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס גֶעשְׁפִּירְט אִין מִיר אַ מָאדְנֶע גְבוּרָה... אִין צִימֶער אִיז גְרָאד אַרַיין מַיין יוּנְגֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער, הָאבּ אִיךְ זִי אַרוּמְגֶעחַאפְּט, צוּ גֶעצוֹיגֶען צוּ זִיךְ, אוּנְטֶערְגֶעדְרִיקְט זִי אוּנְטֶער מִיר אוּנ גֶענוּמֶען קוּשֶׁען, אוּנ גֶע־נוּמֶען קוּשֶׁען... עֶס הָאט מִיר אַזְשׁ גֶעשְׁוִוינְדֶעלְט פַאר דִי אוֹיגֶען. אִיךְ הָאבּ פֶערְגֶעסֶען אוֹיף וָואסֶער וֶועלְט אִיךְ בִּין. דִי שְׁוֶועסְטֶער הָאט זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, גֶעמֵיינְט, אִיךְ בִּין מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען, אוּנ גֶענוּמֶען מִיט דִי הֶענְד אוּנ דִי פִּיס אָבְּשְׁטוּפֶּען מִיךְ פוּן זִיךְ. נוּר שְׁטוּפּ דִי וַואנְד, שְׁטוּפּ אַ בַּארְג! צוּלֶעטְצְט בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ גֶענוּמֶען דְרֶעהֶען זִיךְ אִיבֶּערְ'ן צִימֶער. „וָואס בִּיזְט דוּ מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען!" זָאגְט מִיר דִי שְׁוֶועסְטֶער, „גָאר נִישְׁט, הָאט מִיר צוּקְוֶועטְשׁ דָאס קְלֵייד אוּנ דַאכְט זִיךְ נָאךְ עֶפִּיס אָבְּגֶערִיסֶען". אוּנ וִוי מֵיינְט אִיהר, אִיךְ הָאבּ אִיהר נִישְׁט אוֹיסְגֶערִיסֶען צְוֵויי קְנֶעפְּלֶעךְ? אוֹיסְגֶערִיסֶען, וִוי אִיהר זֶעהט מִיךְ לֶעבֶּען!

זִי הָאט מִיט נִצָחוֹן אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דִי אַקוּשֶׁערִין אוּנ אוֹיפְ־גֶעהֶערְט צוּ דֶערְצֶעהלֶען.

— אוּ־הוּם! — הָאט דָאס מֵיידֶעל גֶעמוּרְמֶעלְט פֶערְטְרַאכְטֶערְהֵייט.

— אוּנ וַוייסְט אִיהר, — הָאט דָאס וַוייבֶּעל אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אַ טָאן, מִיט וֶועלְכֶען מֶען גִיט אִיבֶּער אַ זֶעהר אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע זַאךְ — אִיךְ הָאבּ אִיהם נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן!

— וִוי! הָאט זִיךְ דָאס מֵיידֶעל פֶערְוואוּנְדֶערְט.

— אִיהר וֶועט דָאךְ זָאגֶען, אַז אִיךְ בִּין אַ מְשׁוּגַע'נֶע, אוּנ אִיךְ זָאג אַייךְ, אַז מֶען מֶעג זִיךְ לֶערְנֶען בַּיי מִיר. נָאךְ מֵיידֶעלְוַוייז הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעזָאגְט: אַז גָאט וֶועט גֶעבֶּען, אִיךְ וֶועל וֶוערֶען אַ כַּלָה אוּנ חֲתוּנָה הָאבֶּען מִיט מַיין זִוּוּג, וֶועל אִיךְ זַיין פוּן וַוייטֶען, קֵיין בֶּעזוּנְדֶערֶע קְרוֹבָה'שַׁאפְט נִישְׁט בֶּעוַוייזֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, וָואס מַיינֶע חֲבֵרְ'טֶעס הָאבֶּען פוּן זֵייעֶרֶע „קוּצֶענְיוּ־מוּצֶענְיוּ'ס". אִיךְ זָאל מִיךְ הֵיינְגֶען אִיהם אוֹיפְ'ן הַאלְז, אוּנ עֶר זָאל מֵיינֶען, אַז עֶר אִיז דֶער „יַא טֶעבְּיֶע דַאם" אוּנ דַארְף מִיךְ טְרֶעטֶען מִיט דִי פִּיס?!... נֵיין, דָאס וֶועט עֶר בַּיי מִיר נִישְׁט פּוֹעֶל'ן. אִיךְ הָאבּ בַּיי מִיר בֶּעשְׁלָאסֶען, וָואס וַוייטֶער אִיךְ פוּן אִיהם אַלְץ נֶעהֶנְטֶער עֶר צוּ מִיר. אוּנ אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַיינְגֶעפִיהרְט פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט אָן. אוּנ מִיךְ דַארְף מֶען קֶענֶען! אִיךְ, אַז אִיךְ מַאךְ בַּיי מִיר עֶפִּיס אָבּ, טָא מֶעג קוּמֶען גָאט אַלֵיין, וֶועט עֶר שׁוֹין בַּיי מִיר נִישְׁט אִיבֶּערְמַאכֶען. אָט צוּ דֶער תְּנָאִים־נַאכְט שׁוֹין: עֶר פוּן זַיין זַייט הָאט נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קוּקֶען אוֹיף מִיר, אוּנ אִיךְ הָאבּ אַרָאבְּגֶע־

---

בֶּערְגֶערֶעדְט וִויפִיל שִׁדוּכִים! סַיידֶען דָאס טֶעלֶערֶעל פוּנְ'ם הִימֶעל סַיידֶען!

— וַוייסְט אִיהר וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען? אִיהר זֶענְט, זָאלְט אִיהר מִיר מוֹחֵל זַיין, אַיין אַלְטֶער נַאר אוּנ דוּלְט מִיר נִישְׁט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעהט אַייךְ גֶעזוּנְדֶערְהֵייט!

רֶבּ שָׁלוֹם וֶוערְד מָלֵא כַּעַס, שְׁטַארְק צֶעפְלַאקֶערְט:

— וָואס הֵייסְט דָאס וָואס? עֶפִּיס אַ יוּנְגֶעלֶע עֶפִּיס? אִי־פֶּע! מָמָה נַפְשָׁךְ אַ קַשְׁיָא — יָא יָא, נֵיין נֵיין; צוּ וָואס טוֹיג זִיךְ נָאךְ טְרַייבֶּען צוּ וָואס?...

אִין רֶבּ שָׁלוֹמְ'ס קוֹל הֶערְט זִיךְ טְרֶעהרֶען אוּנ לֵאָה'ן נֶעמְט אָן בַּיים הַארְצֶען; זִי וֶוערְד אַ בִּיסֶעל וַוייכֶער אוּנ זָאגְט צוּ אִיהם שׁוֹין אִין גוּטֶען מוּטְה:

— וָוארוּם אִיהר זֶענְט אַיין אַלְטֶער נַאר, זָאג אִיךְ אַייךְ נָאךְ אַ מָאל; וָואס קוּמְט אִיהר מִיט טַעֲנוֹת? גֶענוּג הָאבֶּען מִיר גֶעהַאט צוּ טְהוּן נֶעכְטֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט מִיט דִינֶה'ן, זִיךְ אוֹיסְגֶעגֶעסֶען דָאס הַארְץ, גֶעשְׁפִּיגֶען מִיט בְּלוּט; וִוי זָאגְט מֶען: „קְלֵיינֶע קִינְדֶער — קְלֵיינֶע פְרֵיי־דֶען; גְרוֹיסֶע קִינְדֶער — גְרוֹיסֶע לֵיידֶען". זִי וִויל נִיט הֶערֶען, נִיט זֶעהֶען; דֶער טוֹיט, זָאגְט זִי, אִיז אִיהר שׁוֹין מֶעהר נִיחָא; בֶּעסֶער אַ לֶעבֶּעדִיגֶע, זָאגְט זִי, מַיינֶע שׂוֹנְאִים, אִין דֶער עֶרְד אַרַיין, אֵיידֶער אַרַיינְפַאלֶען צוּ אִיהם אִין דִי הֶענְד אַרַיין; קוּמְט אִיהר צוּגֵעהן מִיט טַעֲנוֹת, גְלַייךְ וִוי סְ'אִיז אִין מִיר גֶעוֶוענְדְט, אוּנ זַאלְצְט מִיר אוֹיף דִי וואוּנְדֶען! אַז מֶע זָאגְט אַייךְ נִיטָא וָואס צוּ רֵעדֶען, רוּקְט מֶען אָן דָאס הִיטֶעל אוּנ מֶע נֶעמְט דֶעם וֶועג.

רֶבּ שָׁלוֹם גֵעהט אַוֶועק פוּן דָארְטֶען גְלַייךְ צוּ חָתָנְ'ס צַד אוּנ טְרֶעפְט פַּייוֶולֶען אִין דֶער הֵיים, אַיין אוֹיסְגֶעצְוואָגֶענֶעם, אַ צוּגֶעקֶעמְטֶען אוּנ אָנְגֶעטָאן טַאקִי גָאר וִוי אַ חָתָן. עֶר רוּקְט אוּנְטֶער דֶעם שַׁדְכָן אַ בֵּיינְקֶעל, בֶּעט אִיהם זִיצֶען, רֶבּ שָׁלוֹם דַאנְקְט, זָאגְט אַז עֶר קָאן בַּאשְׁטֵעהן אוּנ זֶעצְט זִיךְ צוּ אוֹיף אַיין עֶק בֵּיינְקֶעל.

— נוּ וָואס הֶערְט זִיךְ?

— סֶע הֶערְט זִיךְ — מַאכְט רֶבּ שָׁלוֹם אוּנ גְלֶעט זִיךְ דִי בָּארְד — אָט וֶועל אִיךְ אַייךְ שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעבֶּען אַלְסְדִינְג וֶועל אִיךְ אַייךְ, דִי מַעֲשֶׂה דֶערְפוּן אִיז אַזוֹי דִי מַעֲשֶׂה: נֶעכְטֶען וַוייסְט אִיהר דָאךְ הָאבֶּען מִיר אָפְּגֶעשְׁמִיסְט נֶעכְטֶען פוּן דֶעם עִנְיָן אַקוּרַאט, זֵיי קְלָאהר גֶע־מַאכְט דִי זַאךְ אַרוּם אוּנ אַרוּם, גֶעוֵוויינְטְלִיךְ אַזוֹי גֶערֶעדְט, זֵיי זָאלֶען זִיךְ נִיט שְׁטוֹיסֶען זָאלֶען זֵיי זִיךְ נִיט, אַז סֶע וַואקְסְט פוּן אַייךְ וַואקְסְט דָאס, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן אַ זַייט הָאבּ אִיךְ, מִן הַצַד, כַּאֲשֶׁר, זָאג אִיךְ, אַזוֹי וִוי אִיהר זֶענְט גֶעבְּלִיבֶּען, זָאג אִיךְ, אַיין אַלְמָן, זֶענְט אִיהר...

לָאזֶען דִי אוֹיגֶען, וִוי אִיךְ וָואלְט קֵיין צְוֵויי נִישְׁט גֶעקָאנְט צֶעהלֶען. אִיךְ הֶער, אִיךְ בְּלַייב: אָי, חָאטְשׁ אֵיין בְּלִיק טְהוּן אוֹיף אִיהם! אוּנ נֵיין, נִישְׁט נָאכְגֶעגֶעבֶּען זִיךְ דָאס הַארְץ. אֵיין מָאל מֶעהר נִישְׁט הָאבּ אִיךְ מִיר פֶערְדֶעקְט דָאס גֶעזִיכְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהם צְוִוישֶׁען דִי פִינְגֶער. דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעשְׁלָאגֶען, אַ סַכָּנוֹת! אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהן, וִוי עֶר קוּקְט אוֹיף מִיר; עֶס הָאט זִיךְ מִיר גֶעדַאכְט, אַז אִיךְ הֶער, וִוי עֶר אָטֶעמְט. עֶס אִיז מִיר גֶעוֶועזֶען אַזָא חִיוּת צוּ הַאלְטֶען אַזוֹי דִי הֶענְד אוּנ קוּקֶען אוֹיף אִיהם, נָאר מֶעהר וִוי אֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ עֶס נִישְׁט גֶעטְהוּן. דֶערְנָאךְ, אַז מֶען אִיז אַרוֹיס פוּן דִי טִישֶׁען, הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהט אִיבֶּער'ן שְׁטוּבּ, גֶעזוּכְט, וִוי צוּגֶעהן צוּ מִיר, בְּלַייבֶּען מִיט מִיר חָאטְשׁ אוֹיף אַ וַוייְלֶע אוֹיג אוֹיף אוֹיג. אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעוָואלְט — מַמָשׁ צוּם שְׁטַארְבֶּען! אָי, דַאכְט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען פַאר אַרוּמְנֶעמֶען אִיהם אוּנ הַאלְזֶען אוּנ קוּשֶׁען אוּנ גְלֶעטֶען!..

נָאר אִיךְ הָאבּ עֶס בַּיי מִיר נִישְׁט גֶעקָאנְט פּוֹעֵל'ן. אוּנ מֵיינְט אִיהר, אַ גַאנְצֶע וָואךְ נָאךְ דִי תְּנָאִים אִיז עֶר אָבְּגֶעוֶועזֶען בַּיי אוּנְז אִין שְׁטוּבּ, עֶטְלִיכֶע מָאל זֶענֶען מִיר גֶעבְּלִיבֶּען גַאנְץ אַלֵיין, אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעמַאכְט קַאלְט וִוי אַייז. דִי נַאכְט פַאר זַיין אָבְּפָאהר צוּרִיק אִין זַיין שְׁטֶעדְטֶעל הָאט עֶר מִיךְ גֶעטְרָאפֶען אִין הוֹיף. מִיר אִיז גֶעוָוארֶען אַזוֹי הֵייס אִין מַיין בֶּעט, אַז אִיךְ הָאבּ קוֹים גֶעחַאפְּט דֶעם אָטֶעם, בִּין אִיךְ אַרוֹיס אוֹיף דִי פְרַייעֶ לוּפְט... עֶרְשְׁט אִין אַ וַוייְלֶע אַרוּם, אִיךְ קוּק מִיךְ אוּם, מַיין פְּרוּמַאק אִיז דָא! וִוי אַזוֹי הָאט עֶר עֶס דֶערְשְׁמֶעקְט, וֵויים אִיךְ נִישְׁט. עֶר הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶעחַאפְּט, גֶעדְרִיקְט צוּ זִיךְ, גֶעהַאלְזְט, גֶעקוּשְׁט — אוּנ אִיךְ גָאר נִישְׁט. אוּנ אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועק גֶעפָאהרֶען אָהן אַ קוּשׁ...

— אַזָא שְׁלֶעכְטֶע זֶענְט אִיהר, — הָאט דִי אַקוּשֶׁערִין גֶעלַאכְט אוּנ גֶעסְטְרַאשֶׁעט אִיהר מִיט'ן פִינְגֶער.

— נֵיין, הֶערְט נָאר, נָאךְ שֶׁענֶער אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען מִיט דִי בְּרִיעף, — הָאט דָאס וַוייבֶּעל גֶעשְׁמֵייכֶעלְט. — עֶר הָאט מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אַזֶעלְכֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע בְּרִיעף — אִיךְ הָאבּ זֵיי נָאךְ אַלֶע — — וָואס פַאר אַ נֶעמֶען וִוילְט אִיהר נִישְׁט, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע בְּרִיעף! אַ וָוארְט אוּנ „הַארְצֶענְיוּ", אַ וָוארְט אוּנ „לְיוּבֶּענְיוּ", אוּנ „קְרוֹינֶענְיוּ", אוּנ „לֶעבֶּען", אוּנ „נְשָׁמָה", אוּנ „חִיוּת", אוּנ פֵייגֶעלֶע, אוּנ פֵייגֶענְיוּ, אוּנ פֵייגֶעטְשְׁקֶע, אוּנ פֵייגִינֶקֶע — מֶען רוּפְט מִיךְ פֵייגֶע בַּאשֶׁע... אָט אַזֶעלְכֶע בְּרִיעף הָאט עֶר גֶעשְׁרִיבֶּען! אוּנ אִיךְ... מַיינֶע הָאט עֶס גֶעמַאכְט גַאנְץ טְרוּקֶען: „מַיין גֶעשֶׁעטְצְטֶער חָתָן פַייוֶועל, זָאל לֶעבֶּען! עֶרְשְׁטֶענְס קוּם אִיךְ דִיר צוּ מֶעלְדֶען, אַז אִיךְ בִּין, דַאנְק גָאט, אִין גַאנְצֶען גֶעזוּנְד..." אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער, עֶס צוּפְּט מִיר בַּיי דֶער נְשָׁמָה זָאגֶען אִיהם אַ גוּט וָוארְט, עֶס רַייסְט מִיר דָאס הַארְץ אוֹיסְצוּרֶעדֶען זִיךְ מִיט טוֹיזֶענְדֶער נֶעמֶען, עֶס חַלֶשְׁ'ט מִיר דִי הַאנְד, אִיךְ הֶער אִיךְ שְׁטַארְבּ: יֶעדֶער בְּרִיעף קוּמְט מִיר אָן מִיט טַעם טוֹיְדְט, אוּנ נִישְׁטָא! קֵיין סִימָן קְרוֹבָה'שַׁאפְט נִישְׁט אַרוֹיס גֶעוַויזֶען...

(פָארְטְזֶעטְצוּנְג קוּמְט).

---

# יוּדִישֶׁע פְּרוֹיעֶן.

## דָאנַא חַנָה גְרַאצִיַה מֶענְדֶעזִיַה.

(פָארְטְזֶעטְצוּנְג).

אָבֶּער קַארְל דֶעם פִינְפְטֶען הָאט מֶען אַ פָּנִים מִיט אַזֶעלְכֶע „קָאמֶעדְיֶעס" נִיט גֶעקָאנְט אָבְּנַארֶען. עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז חַנָה מֶענְדֶעזִיַא זוּכְט מֶעהר נִיט וִוי אַ סִבָּה, וִוי אַזוֹי אוֹיסְדְרֶעהֶען זִיךְ פוּן פְלַאנְדְרִיעֶן. אוּנ בַּאלְד נָאךְ אִיהר אָבְּרַייזֶען הָאט עֶר בֶּעפָאהלֶען מֶען זָאל פֶערְחַתְמֶ'עֶנֶען דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דִי צְוֵויי שְׁוֶועסְטֶער דִי אַלְמָנוֹת מֶענְדֶעזִיַא, וַוייל, וִוי מֶען אִיז דֶערְגַאנְגֶען, אַז זֵיי זֶענֶען טְרַיי זֵייעֶר יוּדִישֶׁער אֱמוּנָה. חַנָה'ן הָאט וִויעדֶער גֶעקָאסְט אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד. זִי הָאט מִיט פִיעל מִיהֶע מַצִיל גֶעוֶועזֶען אִיהר רַייכְטְהוּם פוּן פְרֶעמְדֶע הֶענְד, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין וֶוענֶעצִיַא, וואו זִי אִיז בֶּעוואוּסְט גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען גְרַאצִיַה דִי לוּנַה. אִין דִיעזֶער שְׁטָאדְט הָאט חַנָה־גְרַאצִיַה גֶעהָאפְט וֶועט זִי קֶענֶען לֶעבֶּען רוּהִיג.

---

— בִּקְצוּר, בִּקְצוּר! — שְׁלָאגְט אִיהם אִיבֶּער פַייוֶועל, דֶעם נֶעכְטִיגֶען שְׁמִייעֶס אַייעֶרֶען וֵוייס אִיךְ שׁוֹין; אִיהר דֶערְצֵיילְט מִיר בֶּעסֶער דֶעם הַיינְטִיגֶען שְׁמִיעֶס, דֶעם הַיוֹצֵא לָנוּ מִזֶה!

— דֶער הַיוֹצֵא לָנוּ מִזֶה — מַאכְט רֶבּ שָׁלוֹם מִיט אַ זִיפְץ — אִיז... גָאר נִישְׁט.

— גָאר נִישְׁט? וָואס הֵייסְט גָאר נִישְׁט?

— גָאלֶע גָאר נִישְׁט, אָבֶּער טַאקִי וָואס גָאר נִישְׁט הֵייסְט, בְּלָאטֶע.

— פַאר וָואס? עֶפִּים מוּז דָאךְ זַיין!

— אַז אִיךְ זָאג אַייךְ גָאר נִישְׁט, טַאקִי פָּשׁוּט גָאר נִישְׁט שֶׁבְּנָארְנִישְׁט, בְּלָאטֶע שֶׁבִּבְלָאטֶע.

— טְפוּ זָאלְט אִיהר וֶוערֶען! — הָאט זִיךְ שׁוֹין פַייוֶועל צֶעשְׁרִייגֶען אוֹיף אַ קוֹל. — הָאט קֵיין פַארְאִיבֶּעל נִיט, אִיהר זֶענְט דָאךְ עֶפִּים טַאקִי וִוי מֶע זָאגְט מִמִצְרַיִם וְעַד הֵנָה! אַ יוּד מִיט אַ גְרוֹיסֶע בָּארְד זָאל הָאבֶּען אַזוֹי פִיעל שֵׂכֶל וִוִיפִיעל אַ יוּדֶענֶע! הָאט זִיךְ אַיינְגֶעחַזֶרְט „גָאר נִישְׁט" אוּנ „בְּלָאטֶע", חָאטְשׁ טֶעסֶע אִיהם פְלֶעקֶער אִין קָאפּ אַרַיין! זָאגְט וָואס הָאט מֶען אַייךְ גֶעזָאגְט? עֶנְטְפֶערְט וִוי אַ מֶענְשׁ! רֶעדְט וֶוערְטֶער!

— וָואס זָאל אִיךְ רֵעדֶען וָואס? — מַאכְט רֶבּ שָׁלוֹם דֶערְשְׁרָאקֶען, זִי זָאגְט, דִי מַאמֶע אִיהרֶע, בַּאֲשֶׁר זִי, דִי קְלֵיינֶע הֵייסְט דָאס, דִי טָאכְטֶער, וַוייל נִיט הֶערֶען נִיט זֶעהֶען וִויל זִי נִיט, דֶעם דְרִיטֶען טָאג אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, זָאגְט זִי, דֶער טוֹיְדְט, זָאגְט זִי, אִיז אִיהר מֶעהר נִיחָא אִיהר...

פַייוֶועלְס פַייכְטֶע אֵייגֶעלֶעךְ זֶענֶען מִיט אַ מָאל אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען, דִי לִיפֶּען זֶענֶען אִיהם גֶעוָוארֶען בְּלוֹי, דִי נָאז גְרִין אוּנ עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלָאזְט זַיין גַאנְץ בִּיטֶער הַארְץ אוֹיף דֶעם שַׁדְכָנְ'ס קָאפּ:

— אִיהר קָאנְט אַזוֹי זַיין אַ שַׁדְכָן, פּוּנְקְט וִוי אִיךְ קָאן זַיין אַ רָב! גֵעהט אַייךְ גֶעזוּנְדֶערְהֵייט אוּנ לָאס אִיךְ מֶעהר נִישְׁט אָנְקוּקֶען אַייעֶר נַארִישֶׁע בָּארְד!...

---

פַייוֶועל הָאט אַרָאפְּגֶעשְׁלוּנְגֶען דֶעם דָאזִיגֶען בִּיטֶערֶען טְרָאפֶּען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט גְלַייךְ וִוי עֶר וֵוייסְט נִישְׁט פוּן קֵיין זַאךְ, פְלֶעג אַרַיינְקוּמֶען צוּ לֵאָה'ן אִין קְלֵייט אַרַיין וִוי פְרִיהֶער, נָאר אִין הַארְצֶען הָאט עֶר גֶעטְרָאגֶען אוֹיף דִינָה'ן אַ מוֹרָא'דִיגֶע שִׂנְאָה. עֶר הָאט זִיךְ גֶענֶעבֶּען דָאס וָוארְט אָבְּרֶעכֶענֶען זִיךְ מִיט אִיהר, הָאבֶּען אַ מָאל אַ חֶשְׁבּוֹן, אַז נִיט הַיינְט אִיז מָארְגֶען; נִישְׁקָשֶׁה, פַייוֶועל קָאן וַוארְטֶען; עֶר הָאט צַייט. אוּנ אֶפְשַׁר הָאט עֶר נָאךְ גֶעהַאט אַ שְׁטִיקֶעל הָאפְנוּנְג? וֶוער קָאן דָאס וִויסֶען?...

(פָארְטְזֶעצוּנְג קוּמְט).

הייגט וואלט דוכט זיך געווען אלץ זעהר גוט, ווי מען זאגט, בעסער ווי געוואונשען, בעדארף זיך אבער מעשה־שטן אריינמישען אביסעל שנאה, אביסעל קנאה, וואס האבען וויעדער פערוואונגליקט די דאזיגע עדלע משפחה. חנה'ס יונגערע שוועסטער די אלמנה ריינה, איז געווען זעהר א לייכטזיניגע יונגע פרוי, און דערצו אויך א ניט־פערגינערין. איהר האט שטארק פערדראסען, וואס איהר פערשטארבענער מאן, דיאגא, האט געמאכט חנה'ן פאר די גאנצע בעל־הבית'טע אויף דעם גאנצען פערמעגען, און זי, ריינה, האט געמוזט בעקומען יעדעס מינדעסטע פון חנה'ס הענד. ריינה האט געפאדערט פון חנה'ן, אז זי זאל איהר אבטהיילען איהר חלק ירושה, בכדי זי זאל קענען זיין א בעל־הבית'טע פאר זיך.

חנה האט אבער דערצו ניט מסכים געווען, ווייל איהר שוואגער האט זי פאר זיין טוידט געמאכט פאר איין אפוטרופוס איבער זיין אלמנה'ס ירושה, ווייל ער האט געוואוסט ווי לייכטזיניג זיין פרוי איז, און אז זי וועט קיין געשעפטען ניט קאנען פיהרען. חנה, וואס האט ליעב געהאט איהר שוועסטער מיט דעם גאנצען הארצען, האט איהר געוויס געוואונשען אלעס גוט'ס. נאר די נארישע ריינה, וועלכע שלעכטע מענשען האבען מן הצד אנגערייצט, איז געווארען זעהר אין כעס און האט אבגעטהון א שרעקליכע מעשה: זי האט מגלה געווען דער רעגירונג אין ווענעציא, אז איהר שוועסטער, די געטויפטע יודינע גראציה די לונה, איז געקומען נאך ווענעציא מיט גרויס עשירות און איצט וויל זי אבּרייזען נאך דער טערקיי, בכדי דארטען צוריק צו ווערען א יודינע. לכן בעט זי, ריינה, די ממשלה, אז מען זאל נויטען חנה'ן, אבגעבען ריינה'ן איהר חלק ירושה, בכדי זי זאל קאנען בלייבען א פרומע קריסטין אין א קריסטליך לאנד.

ווי די ווענעציאנישע ממשלה האט דערשמעקט אז דא איז פאראן, וואו אבצולעקען א ביינדיל, האט זי באלד געפאדערט חנה'ן צום משפט, און האט זי אריינגעזעצט אין תפיסה. אפשר איז ווייניג געווען פאר ריינה'ן די מעשה אליין, האט זי אבגעטהון נאך א מעשה אשר לא יעשה: זי האט געשיקט א שליח נאך פראנקרייך מסר'ן אויף חנה'ן, אז זי איז א פרומע יודינע, לכן בעט זי די פראנקרייכישע רעגירונג צו פערחתמ'ענען איהר שוועסטערס פערמעגען, וואס געפינדט זיך אין פראנקרייך. דער שליח, וועלכער איז געווען א געבארענער קריסט, האט זיך אבער ניט בעגנוגענט מיט די מתנות, וואס ריינה האט איהם געגעבען פאר זיין מסירה. ער האט פשוט גע'מסר'ט אויף ריינה'ן אויך פאר דער פראנקרייכישער ממשלה, וועלכער ער האט מגלה געווען דעם סוד, אז ריינה איז אויך א פרומע יודינע, און בכן בעט ער די ממשלה, אז זי זאל פערחתמ'ענע' ריינה'ס פערמעגען אויך.

היינריך דער צווייטער, דער קעניג פון פראנקרייך, וועלכער איז שולדיג געווען דעם דיסקאנט־באנק מענדעזיאס, וואס אין דער שטאדט ליאן, א גרויסע סומע געלד, האט זיך זעהר דערפרייט און האט זיך באלד ענטזאגט פון צאהלען זיין חוב דער פירמא מענדעזיא, ווייל די דאזיגע באנקירער זענען יודען, און האבען ניט געהאט קיין רעכט צו וואהנען אין פראנקרייך, און ווייל זיי האבען זיך אויסגעוויזען פיר קריסטען האבען זיי דאך אבגענארט די מלוכה, לכן בעדארף זייער גאנצער רייכטהום וואס געפינט זיך אין פראנקרייך געקאנפיסקירט ווערען און געהערען דער מלוכה.

חנה מענדעזיא האט דאך ניט פערלארען איהר מוטה; זי האט זיך אפילו איין רגע ניט מיאש געווען פון האפנונג נצול צו ווערען פון די בייזע חיות פון די ווענעציאנישער רעגירונג און היינריך דעם צווייטען, וועלכע זענען שוין געווען גרייט זי איינצושלינגען. דורך פיעל שתדלנות האט חנה געפועל'ט ביי דעם טערקישען שולטאן, סולימאן, אז ער זאל רעטען די משפחה מענדעזיא פון איהר אונגליק. די טערקישע מלוכה, בכלל, און די שולטאנען, בפרט, זענען פון אייביג אן זעהר גוט צו יודען, און בשעת אין אלע לענדער האט מען רודף געווען אהן רחמנות דאס יודישע פאלק, האבען די טערקען געעפענט זייער לאנד פאר די אומגליקליכע יודישע אויסוואנדערער און האבען זיי געגעבען אלערליי פרייהייט און זכיות גלייך מיט אלע איינוואהנער פון דער טערקיי. דער יודישער רב אין קאנסטאנטינאפאל איז געווען חשוב ביי דעם שולטאן גלייך ווי דער ערשטער מחמד־נישער גייסטליכער. זיין לייב דאקטאר, רבי משה המון, איז ביי איהם געווען א גרויסער תקיף, און, בכלל, האט דער שולטאן סולימאן ניט געמאכט קיין אונטערשייד צווישען פעלקער.

דאקטאר משה המון האט געהאפט, אז חנה מענדעזיא וועט מיט איהם טהון א שדוך — זי וועט נעמען זיין זוהן פאר איין איידעם, דעריבער האט ער זיך זעהר משתדל געווען ביי דעם שולטאן, אז ער זאל זיין צו הילף דער רייכער משפחה. ער האט דעם שולטאן דער־צעהלט, אז זעהר א רייכע יודישע פאמיליע, מענדעזיא, האט זיך געוואלט בעזעצען אין דער טערקיי, וואו זי וואלט געקענט ברייננגען דעם לאנד פיעל נוטצען מיט איהר רייכטהום און גרויסע געשעפטען; נאר דורכפאהרענדיג ווענעציא, האט די דארטיגע רעפובליק, וועלכע האלט זיך נאר דורך די גנאדע פון דעם שולטאן, ארעסטירט די פאמיליע מענדעזיא, און לאזט זי ניט רייזען נאך דער טערקיי.

באלד האט דער שולטאן געשיקט א שליח נאך ווענעציא מיט א שטרענגען בעפעהל, אז מען זאל תיכף בעפרייען די פאמיליע מענדעזיא, און זי לאזען רייזען נאך דער טערקיי. אויך היינריך דעם צווייטען פון פראנקרייך האט דער שולטאן מתרה געווען, אז אויב ער וויל ניט האבען דעם שולטאן פאר א שונא זאל ער בעצאהלען דעם חוב, וואס די פירמא מענדעזיא מאהנט ביי איהם.

די טערקיי איז דאמאלס געווען די שטארקסטע מלוכה אין אייראפא. און עס פערשטעהט זיך, אז די ווענעציאנישע רעפובליק און היינריך דער צווייטער האבען ניט וועלענדיג בעפרייט חנה מענ־דעזיא מיט איהר גאנצער משפחה, און אויסער דעם, האט מען איהר נאך בעצאהלט די הובות ביז א פרוטה.

חנה מיט איהרע מענשען האבען זיך דערווייל איבערגעצויגען פון ווענעציא נאך פעררארא אין איטאליען, וואו דער דוכס ערקאלי די עסטע, דער גרויסער יודענפריינד, האט זיי שטארק מקרב געווען. דארטען האט חנה געלעבט א יאהר פיער בשלוה און האט ערשט דענסטמאל בעוויזען איהר אמת'ע גוטהארציגקייט און ליעבע צו איהרע ברידער די אנוסים. פיעל פון זיי האט זי געשטיצט מיט איהר

געלד, אנדערע האט זי געשטארקט מיט ווערטער, אז זיי זאלען ניט פערליערען זייער מוטה.

א געוויסער פאעט, רבי שמואל אושקי, וועלכער האט געלעבט אין חנה'ס צייטען, האט זי געגליכען צו דבורה הנביאה, וואס האט מיט איהר שטארקען מוטה מציל געווען איהר פאלק פון גוי'שע הענד. ער האט זי געגליכען צו אסתר המלכה, וואס האט די יודען גערעטעט פון המן הרשע — צו יהודית'ן, וואס האט מיט איהר חכמה געהרג'עט דעם יודישען פיינד אלאפערנוש און האט מציל געווען די בעלאגערטע יודישע שטאדט פון דער מלחמה. ער גלייכט זיי צו אונזער מוטער רחל, וואס האט בעקלאגט איהרע קינדער, וואס זענען געגאנגען אין גלות. ער שרייבט אין זיין בוך: „ווי א הארץ איז דער מיטעלפונקט פון דעם מענשענס גוף און פיהלט אלע זיינע ווייטאגען, אזוי איז חנה־גראציה די הארץ פון איהר יודישער אומה, זי פיהלט אלע שמערצען פון דעם פאלק און איילט שטענדיג איהם צו הילף.

(ענדע קומט).

שלמה בערמאן.

---

# אויס קארסעט.

קיין שום מאדע־טהייל האט נישט געהאט אזוי פיעל שונאים ווי דער קארסעט.

האט רחמנות, ווארפט אוועק דעם קארסעט! — האבען דאקטוירים צו אונז פרויען געשריען אונאויפהער און מיליאנען מאל ערקלערט, אז דער קארסעט, צודריקענדיג זעהר וויכטיגע אברים אין אונזער גוף איז פיעל מאל פאר אונז און אפילו פאר נאך עמיצען... ווי סם המות. ביי יונגע מיידלעך, וואס ברויכען זיך ערשט צו ענטוויקלען, איז דאס איינשליסען זיך אין פישביינערנע און אייזערנע רייפען שעדליך אויפ'ן גאנצען לעבען.

געלעהרטע מענשען האבען געהאט איין אנדערע טענה:

פאר וואס זאלט איהר זיך אליין, מיט אייערע אייגענע הענד פערקרימען אייערע אברים און זיך מאכען א פערענדערט געשטאלט? פאר וואס זאלט איהר נישט אזוי אויסזעהען ווי גאט און די נאטור האבען אייך בעשאפען?

גייסטליכע האבען געזאגט, אז דער קארסעט איז נישט מאראליש, עסטעטיקער — אז ער איז נישט עסטעטיש און סתם מאנסבילען האבען גלאט געלאכט פון אונז:

— אויך א מענש, א פרויענצימער! — האבען זיי פון אונז פרויען לצנות געמאכט — אזוינע צרות, אזוינע פיין זאל מען זיך אנטהון צו ליעב דער מאדע!

מיר האבען אויסגעהערט אלעס, וואס מען האט געזאגט, אפילו די גראבע ווערטער, מיט וועלכע נאפאלעאן דער ערשטער האט זיך אויסגעדריקט איבער'ן קארסעט און מעהר אלס הונדערט יאהר האבען מיר טאקי געליטען צרות און לייד, זיך געפייניגט צודריקענדיג און צוציהענדיג זיך מיט אלע כחות און עס איז אונז גאר נישט איינגעפאלען, אז מיר ברויכען טאקי פאלגען, און דעם קארסעט א מאל פטור ווערען.

אלץ וואס נישט גוט איז, מוז אבער דאך א מאל א סוף האבען: אין די פרייע אמעריקא האט זיך געגרינדעט א חברה, וואס בעמיהט זיך אונטער צו ברענגען דעם קארסעט. מען האלט פארלעזונגען פאר פרויען, מען דרוקט פלאקעטען אום צו דערווייזען ווי שעדליך דער קארסעט איז פאר'ן געזונד. אין ניו־יארק, פילאדעלפיע, שיקאגא און אנדערע שטעדט האט די חברה געלאזט צוזאמענרופען גרויסע פערזאמלונגען פון פרויען, אום זיי אלע צו דערווייזען די גרויסע שעדליכקייט פון קארסעט.

די חברה, דאכט זיך, האט שוין יא געפועל'ט און מיר קענען האפען, אז אין גיכען וועלין מיר אלע שוין פטור ווערען פון די ביטערע קוואל, וואס מיר ליידען פון דעם קארסעט.

קודם כל האבען די דירעקטאריסעס פון די פרויען־שולען אין אמעריקא אויפגעהערט צוטראגען קארסעטען און אויך פערווערט אלע שילערינען ביז 18 יאהר צוטראגען. דערנאך האבען פיעל אנדערע דאמען זיי נאכגעטהון און איצט בעגעגענט מען שוין אין אלע גרעסטע אייראפעאישע שטעדט דאמען אין קליידער וואס זענען געמאכט צו טראגען אהן קארסעטען. באלד וועט א וודאי די נייע מאדע קומען אויך צו אונז און מיר אלע וועלען מיט פערגניגען דעם קארסעט אוועקווארפען.

אלע קליידער, וואס זענען געמאכט צוטראגען אהן קארסעט זענען אין פארם »princesse«, מענכע זענען גאנץ „אמפיר“ און מענכע האלב לויז אין פאס.

זעהר שעהן זעהען אויס האלב לויזע „פרינצעסען“ מיט א קורצע „בולערא“.

פ. י—ק.

---

# וועגען די ציינער.

(ענדע).

מיר האבען דא געבראכט די צייכנונג פון א צאהן, א גרויסע באקע, וואס איז אין דער לענג צוהאקט, און די אותיות: [א, ב, ג, ד] בעווייזען די טהיילען פון צאהן, וועגען וועלכע מיר האבען גערעדט.

דער צאהן־נערוו, אדער די „פולפע“, ווי געלעהרטע רופען דאס אן, שיקט ארויס פון זיך צווייגען אין יעדער ווארצעל פון צאהן בעזונדער. אין דעם צאהן, וואס מיר זעהען דא געפינט זיך צוויי ווארצלען און מיר זעהען אין זיי צוויי צווייגען געצויגען פון דער „פולפע“. — די „פולפע“ בעשטעהט פון בלוט־געפעסע און נערווען־פעדעמלעך. די בלוט־געפעסע (טרעבעלעך) ברענגען נעהרונג פיר דעם צאהן פון דער אלגעמיינער שפייזע־קוועלע פון אונזער גוף, די נערווען־פעדעמלעך פון די פולפעס, פון אלע ציינער, ארויסגעהענדיג פון יעדער צאהן בעזונדער, פעראייניגען זיך דאנאך אין איין גרויסען הויפט־נערוו, וואס גרייכט ביז צום מח אין קאפף. אונטערוועגענס בינדען זיך צוזאמען איינינע נערווען־פעדים פון די אונטערשטע ציינער מיט די נערווען פון די אויערען און פון די אויבערשטע ציינער געהען פארביי די שלעפען.

פון דעם איז לייכט צו פערשטעהן, פון וואנען שטאמען די שמערצען אין די שלעפען און אין די אויערען בשעת צעהן־שמערצען. דעריבער פאקט מען אן די אויערען פול מיט וואטע און פערבינד דעם קאפ ארום־און־ארום מיט א גרויסער טוך, ווען א צאהן טהוט וועה. אי וואס? ס'העלפט ניט? מען דארף גאר דעם צאהן היילען, ניט די אויערן מיט וואטע אנפאקען? מילא — צי אלץ טהוט א יוד, וואס מע דארף און וואס עס העלפט?

מיר ווייסען, אז די סאמע־שפירענדע טהייל פון צאהן איז די פולפע. נאר כל־זמן זי ליגט צוגעדעקט מיט'ן דיקען פלאסט דענטין אין עמאל, הערען מיר זי ניט און פיהלען ניט. פערקעהרט זי שפייזט דעם צאהן, כדי ער זאל זיין שטארק און זאל קענען נוטצען אונז. ליעגענדיג אזוי אין דער פינסטער, שטיל און רוהיג, פערזארגט אונז די פולפע מיט א געזונדען צאהן, נאר אז מען רייניגט ניט דעם מויל און די צעהנער, צורייצט מען די שטילע רוהיג־ליעגענדע פולפע. שטיקלעך און ברעקלעך פון דעם עסען, איבערהויפט פון ווייכע מאכלים קלויבען זיך אן צווישען די ציינער, און ווען מען רייניגט דאס ניט אויס, פוילט עס, און פון דעם ווערען זויערקייטען אין מויל, וועלכע צושמעלצען די עמאל. און אט אזוי ווערט פון אנפאנג נאר א לעכעלע אין צאהן, און דאס לעכעלע אינ'ם אומריינעם מויל איז א נעסט פאר די מויל־מיקראבען. דאס אונריינקייט געהט איינס אויף איינס, דער שמוטץ גרעסערט זיך און די מיקראבען פערמעהרען זיך און דער צאהן ווערט לגמרי אויפגעגעסען: ס'איז שוין א גרויסער לאך אויסגע־לעכערט געווארען דורך דעם עמאל און דורך דעם דענטין. דאמאלס לאזט זיך שוין די פולפע הערען... ווען זי ווערט אבגעדעקט, אדער זי געפינט זיך אונטער א דינער דעק, קווייטשט זי זיך און צאפעלט פון יעדע דריקונג אויף איהר, אז די טעמפעראטור אין מויל בייט זיך פון קאלט אויף ווארעם, צי פערקעהרט, צי עפיס דריקט אן אויף דער פולפע, דאמאלס ווערט זי צורייצט און טהוט א „פארע“, אזש עס פערגעהט אין א צעהנטען ריפ: עס שטעכט אין די אויערען, עס קלאפט אין די שלעפען, די אויגען לויפען אן מיט טרערען... ניט אומזיסט מיינט דער פראסטער עולם, אז דאס איז אזא ווערמעל אין צאהן: די צורייצטע פולפע דרעהט זיך טאקי און פארעט און עסט אינוויניג, ווי א לעבעדיג ווערימעל...

אט אזעלכע שרעקליכע צאהן־שמערצען שטאמען פון שמוטץ, וואס מען שווענקט ניט דאס מויל און מען רייניגט ניט די ציינער.

די געלעהרטע, וועלכע האבען די ציינער געצעהלט און זייער געבוי בעטראכט, ראטהען איבערהויפט ריינקייט און ריינקייט. דאס איבעריגע, ווי און מיט וואס צו היילען, געהערט צום דענטיסט ד. ה. צו יענעם, ווער עס האט ספעציעל אויסגעלערנט די קונסט, ווי די ציינער צו היילען, ניט צו יעדען רופא, וואס זאגט אז ער קען היילען אדער רייסען מיט דעם „שליסעל“ די ציינער, צו וועלכען דאס רוב פון פראסטען עולם ווענדעט זיך מיט ציינער־שמערצען.

נאך געפעהרליכער איז פאר די וועלכע ווענדען זיך צו פער־שידענע שפרעכער מען זאל זיי אבשפרעכען פון ציינער־שמערצען.

דענטיסטין ג. ציפיז־לעווין.

## אלערליי.

(וואס טהוט נישט א פרוי צו ליעב שיינקייט?). סאבינא פאפעיא, די פרוי פון דעם רוימישען קייזער נערא, אדער, ווי מען רופט איהם ביי אונז יודען נירען־קיסר, איז געוועזען א בעריהמטע שענקייט, און איהר גאנץ לעבען האט זי נאר געזארגט, ווי איהר שענקייט צו דערהאלטען, זי האט צו דעם צוועק ארויסגעפונען א מיטעל, וואס איז בעשטאנען פון ווייצענמעהל, האניג און עזעל מילך, דאס פלעגט זי לאזען צוזאמענקאכען, ביז דערפון פלעגט ווערען קאשע און מיט דעם פלעגט זי זיך שמירען דעם פנים און דעם גאנצען גוף, און דאס האט א סך געווירקט צו דערהאלטען איהר הויט צארט און פריש. זי איז אויך גע־ווען די ערשטע, וואס האט בעדעקט איהר פנים מיט א שלייער, כדי עס זאל נישט אבגעברענט ווערען פון דער זונן.

די דאזיגע קייזערין האט געהאלטען פינף הונדערט אייזעלינען און פון זייער מילך האט זי זיך יעדען טאג געמאכט א וואנע. איהר וואונש צו דערהאלטען איהר שענקייט איז אזוי גרויס געוועזען, אז זי פלעגט די גאנצע מחנה אייזעלינען מיט נעהמען מיט זיך אפילו אויף יעדע רייזע, וואס זי האט געמאכט, זי האט נישט פערבייגעלאזט איין טאג, אין וועלכען זי זאל זיך נישט מאכען קיין וואנע.

(א נארישער חשד). אין לאזאנע (איטאליען) האבען די זשאנדארען אנגעהאלטען די קעניגין מארגערעטע די אלמנה פון דעם דער־מארדעטען קעניג הומבערט פון איטאליען, בשעת זי איז אין איהר קארעטע געפאהרען שפאצירען ביין ברעג פון איין טייך, ווייל זיי האבען נישט וויסענדיג, אז זי איז די קעניגין, איהר חושד געוועזען, אז זי האט די קארעטע גענגבעט, און האבען איהר בעפרייט ערשט, אז זי האט דעם וואוואל אראבגענעמען און געזאגט ווער זי איז.



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau